טיף געבויגן און פארשעמט
שטיי איך אין מיין אָרעם געבעט
ביי די טויערן פון קדשי־ קדשים
פון מיינע פאַרברענטע שוועסטער און ברידער,
און קוש דאָס אש
פונעם געטלעך ברענענדיקן סנה דיינעם,
אוישוויץ.

# אַרײַנפֿיר

דעם 12־טן יאַנואַר 1941, האָט מיך אַן ס.ס.־פּאַטרול געכאַפּט אויף אַגאַף דער לוואָווסקע גאַס אין טאַרנאָוו און אײַנײַנעם מיט אַנדערע ייִדן אין לאַסט־אויטאָס אַוועקגעפֿירט אין פּוסטקאָווער קאָנצענטראַציע־לאַגער.

פֿון יענעם טאָג אָן האָט מיך אַ בלוטיקע טויט־צוים אויף אײביק אָפּ־געטיילט פֿון מײַן היים, טאַטע־מאַמע, דרײַ שוועסטער, אַ ברודער, קרובים און פֿרײַנט.

פֿאַרבלוטיקט בין איך געלעגן אין אויטאָ, דעם קאָפּ אײַנגעקאַרטשעט אין די פֿיס. דאָס אײנציקע, וואָס כ׳האָב בײַ זיך געהאַט איז געווען: אין מײַן רעקל־טאַש אַן אײַנגעניַיט משפּחה־בילד און אַ פּאָר פֿערזן פֿון מײַן שפּעטער אין אוישוויץ פֿאַרענדיקטן ליד „גלויב״.

וואָס האַסטיקער און געשווינדער דער אויטאָ האָט זיך געשניטן איבער די וועגן, האָב איך געפֿילט, ווי אַלץ טיפֿער און טיפֿער סע שטאַרבט־אָפּ דער וועג צווישן מיר און מײַן היים.

מיט די אויגן, מיט דער נשמה מײַנער האָב איך געקושט דאָס אײַנ־געניַיטע בילד. אין לאַגער האָבן מיר אָנגעטראָפֿן מענטשן פֿאַרפּײַניקטע, רעזיגנירטע. אויף באַפֿעל האָב איך דעם ס.ס.־קאָמענדאַנט געמוזט אַוועק־געבן דאָס בילד. כ׳האָב געפֿילט, ווי איך גיב איבער אין זײַנע רוצחישע הענט דאָס לעבן פֿון זעקס נפשות. גלײַך האָט ער עס פֿאַר מײַנע אויגן צעריסן און צעטראָטן מיט די פֿיס. שולדיק האָב איך זיך דעמאָלט געפֿילט, טויזנט מאָל שולדיק.

נאָך אַ שטיקל צײַט אין לאַגער זענען מיר דערגאַנגען צו אײן און אײנציקן פֿאַרלאַנג: כאָטש אײן מאָל אָפּעסן צו זעט און דאַן... מיך האָט געפּײַניקט אַ טאָפּלטער הונגער: ברויט און פּאַפּיר צום שרײַבן.

נאָך פֿיר חדשים בין איך מיט אַ גרופּע פֿון פֿינף מאַן אַנטלאָפֿן פֿונעם לאַגער, ווו מיר האָבן זיך אַוונט־צײַט דערשלעפּט צום דעמביצער געטאָ.

אין די דערפער, איבער די וועגן, האבן מיר אנגעטראפן אויף גרויסע פלאקאטן פון דער דייטשער מאכט, וועלכע האט אנגעבאטן גרויסע באַלוינונגס־פרייזן פארן איבערגעבן אויסבאהאלטענע יידן אין די הענט פון געסטאפא.

אין איטלעכן פלאץ, אין יעדער גאס, אומעטום האבן די פלאקאטן אויסגעשריגן אונדזער טויט־אורטייל. אין איטלעכן הויז און פלויט האבן מיר געזען די פאר אונדז אויפגעשטעלטע תליות. און מיר, באשפיגענע פאראורטיילטע, אין געטא־שטייגן איינגעקלעמט, האבן זיך געראנגלט אין אט די שטייגן פון טויט.

אין איטלעכן פון אונדז האט געטליעט די האפענונג דורכצוברעכן די צוים פון אפגעשטארבענע ידיעות פון היים און משפחה. אבער אנשטאט ידיעות פון אונדזערע נאענטע איז געקומען — אוישוויץ און אויסגעברענטע נומערן אויף אונדזערע הענט.

איך זע דעם וועג קיין אוישוויץ, די לאסט־וואגאנען אין וועלכע מ׳האט אונדז אריינגעקוועטשט צו 120 מענטשן אין א וואגאן.

דאס מוראדיקע געשלעג זע איך צווישן בריידער און בריידער, נאקעטע מיט אראפגעריסענע קליידער, א געשלעג אויף צו קענען אויף א ווייל צוקומען צו א שפארע פון דעם מיט ברעטער פארקלאפטן קראטן־פענצטערל, אריינצואטעמען א ביסל לופט. א געשלעג מיט דער אייגענער פארלוירנקייט און הילפסלאזיקייט.

ס׳שרייען צו מיר די פנימער פון די פארחלשטע און האלב־אויסגעגאנגענע אין די וואגאנען, וועמעס צאנקנדיקע ליפן האבן זיך געבעטן וואסער און דערנאך — שטרעקן זיך זייערע ליפן צו שתנה...

ס׳שטייט פאר מיינע אויגן דער גרויסער „ווארטע־זאל״, וועלכער האט געפירט צו די גאזקאמערן. און מיר, נאקעט אויסגעשטעלט, געשטאנען און געווארט אויף אונזער ריי... דערנאך — דאס אפגאלן יעדן און ס׳אויסברענען די נומערן אויף די הענט און דאן — דער באפעל צו זיין גרייט...

פארן גיין „זיך באדן״ זענען אונדז אקעגנגעקומען פנימער פון סטעריליזירטע פרויען און מענער, וועלכע האבן סארטירט די קליידער פון אונדזערע פארגאזטע שוועסטער און בריידער.

שטיקלעך ברויט מיט קאווע האט מען אונדז צוגעטראגן פארן באדן זיך. ברויט, קאווע און גאז־קאמער...

און ווידער האָט דער גורל מיך געפירט אין די שטייגן פון עלפטן טויטן־בלאָק, צו וואַרטן אויפן טויט. און ווידער האָט מען אונדז אַרויסגעטריבן דריי מאָל אַ טאָג צום אַפּעל־פּלאַץ צום סאָרטירן...

אָפטמאָל פלעג איך זיך אַריינטראַכטן אין די ביימער אַרום אונדזער בלאָק, וועלכע, כאָטש נאַקעט פון זייערע בלעטער, אָפּגעדאַרט, אָן אַ סימן פון לעבן, האַלטן זיך פעסט אין שטאַם און גלויבן אין זייער נייעם פרילינג, אפשר, אפשר דאַרפן מיר זיך פון זיי לערנען דעם כוח פון גלויבן? אָדער אפשר נעמט זיך זייער גלויבן דערפון, ווייל זיי זענען די איינציקע דאָ, וועלכע מ'האָט נישט אויסגעבערנט קיין טויט־נומערן?

דעם 19־טן יאַנואַר 1945 זענען אויפגעריסן געוואָרן די טויערן פונעם קאָנצענטראַציע־לאַגער בלעכהאמער, וואו איך בין דעמאָלט געווען.

לאַגער־אַרעסטאַנטן פון פאַרשיידענע פעלקער און לענדער האָבן פריי־דיקע מאַרשירט אַהיים. די נאַציאָנאַלע פענער זייערע האָבן זיי זינגענדיקע באַגלייט אין וועג. נאָר מיר יידן האָבן זיך גרופּנווייז געשלעפּט איבער די לאַגער וועגן.

אָפּגעמעקטע, פאַרוויסטע, האָבן מיר אַנגעטראָפן די יידישע שטעט און שטעטלעך. אָפּגעשטאָרבן די גאַסן זייערע, אויפן אָרט פון זייערע הייזער און משפחות האָבן מיר אַנגעטראָפן בלויז חורבות איינצלנע, ווי פאַרבליבענע עדות פון פאַרברענטע יידישע היימען. און אַט־אַזעלכע „גרוסן" קומען מיר אַנטקעגן פון היים און משפחה.

און איך זע: די גאַסן און די שטיבער פון דייטשע שטעט אויסגעצירט מיט יידישן רויב. די זון לייכט איבער זייערע הייזער. פול ווערט ווידער דער קוואַל פון מיינע פון לאַנג שוין אָפּגעשטאָרבענע טרערן. זאָל דאָס באַטייטן ווידער אַנהויב פון לעבן?...

איך גיי פאַרביי אַ וואַלד. יאָמערלעך איז דאָס געשריי פונעם בלוט פון דערשאָסענע ברידער. אינעם געשריי פון בלוט הער איך ס'קול פון מיינע אומגעבראַכטע טאַטע מאַמע, שוועסטער און ברודער און איך פאַל אין געוויין: גאָט מיינער, וואו זאָל איך איצטער גיין? צו וועמען? אַ פאַרשעמטע שטייט פאַר אונדז די פרייהייט. זי האָט אונדז שוין גאָרנישט וואָס צו געבן.

די אוישוויץ־לידער, די אָפּטיילונגען: „פאַר מיין היים", „אין טאַרנאָ־ווער געטאָ" זענען יאָרצייט־ליכט נאָך מיינע אומגעבראַכטע טאַטע־מאַמע

הערש און אסתר, דריי שוועסטער: חוה, פייגע, שרה און אַ ברודער, מתית, און נאָך די קדושים פון מיין היים־שטאָט טאַרנאָוו.

דעם ציקל „איינער אַליין" ווידמע איך די רעליגיעזע ברידער אין די לאַגערן, וועלכע האָבן אין אונדז געצונדן גלויבן אין שעהן פון אונדזער טיפסטער פאַרצווייפלונג און רעזיגנירטקייט.

איצט געפין איך זיך אין אַ פרעמדער פאַר מיר וועלט, אין אַ וועלט, וואָס בליט מיט זאַטקייט און פרייד און איך פיל זיך, ווי אַן איינזאַמע, אַרומגייענדיקע מצבה מיט אַן אויסגעברענטן נומער אויף דער האַנט: 18260־אַ.

יוסף ראָגעל

# מ אַ מ ע

כ׳האָב קיינמאָל נישט געוואוסט, מאַמע,
דעם טאָג און יאָר פון דיין געבוירן;
און איצט, ווען און וואו דו ביסט אַוועק
ווייס איך נישט...

פון זיכרון צייל איך די געלע פינגער צייכנס
פון דיין קרבן־מנחה־סידור —
דעם טאָג און חודש פון מיין קדיש זאָגן.

כ׳זע ווי פון געטאָ־געוועלב
דו ברענגסט די קליינע פּאָרציעס ברויט,
און אונזערע אויגן טרויעריק, ווילד אַזוי.
דו, דאָס געטאָ־ברויט, — עסט נישט סיי־ווי־סיי...

צעטיילסט עס
גלייך אויף גלייך איעדן
אַליין בייגסטו דיין פּנים אין אַ זייט אַוועק
און איבערבייסט מיט טרערן...

כ׳געדענק אַ ווינטער־נאַכט:
די שטוב מיט פראָסט אָנגעקאָוועט,
די קינדער פאַר הונגער אויף דער ערד איינגעשלאָפן.
דו, איינע אַליין אין שטוב, ביסט אויף און אָפּ אַרומגעגאַנגען.

אָון דאַן, —
פון געטאָ־לאַך זיך שטיל אַרויסגעשלייכט.
מיט זיך דאָס לעצטע קישעלע מיטגענומען
פאַר אַ ביסל שפּייז צו פאַרבייטן.
און ווען דו האָסט זיך פאַרן געטאָ־טייכל פאַרבייגעשלייכט,
האָט דאָס גראָז פאַר צער אין טייכל אַריינגעוויינט...

דערנאָך —
ביסטו איינע אַליין ביים אויוון געשטאַנען
פאַר אונדז אַ ביסל זופּ געקאָכט.
און אַז דאָס קליינע פאַרקאָפּטשעטע לעמפּל
איז אין צאַנקען אויסגעגאַנגען, —
האָט די לבנה אין פענצטער זיך געשטעלט
און דיר געלויכטן...

איך געדענק פרייטיק פאַרנאַכט,
ווען כ׳בין ס׳לעצטע מאָל פון דער היים אַוועק
איז קיין בענטש־ליכט נישט געווען
האָסטו, מאַמע, איבער טרערן ליכט געבענטשט,
און פון זיי האָט איטלעך ווינקעלע געלויכטן...

דיינע טרערן האָבן מיך פון שייטער אויסגעהיט,
נאָר צו דיר
טרעף איך נישט דעם וועג, מאמע.

## כ׳האָב היינט מיין טאַטן נישט דערקענט...

כ׳האָב היינט מיין טאַטן נישט דערקענט, —
אַ צעשלאָגענער, באָרד און פּיאות אָפּגעשוירן,
מיט אַ גויאיש היטל אויפן קאָפּ,
איז ער אין שטוב אַריינגעקומען.

צו קיינעם פון אונדז — ווי נאָך קיינמאָל נישט,
האָט ער גאָרנישט נישט גערעדט;
אין אַ ווינקל מיטן פּנים אויסגעדרייט,
שטייענדיק, האָט ער שטיל אין אַ ספר אַריינגעוויינט.

די מאַמע און די קינדער אין שטוב האָבן זיך געבעטן:
„דערצייל, וואָס ס׳איז געשען, טאַטע!"
און ער — אַלץ שטילער און שטילער
האָט אין ספר אַריינגעוויינט.

פּלוצים איז ער מיטן פּנים צו דער ערד אַנידערגעפאַלן.
אַ פאַרשטייפטן, מיט פאַרגלייזטע אויגן, האָבן מיר אים אין בעט אַריינגעלייגט.

די בלוט־פאַסן, דער מגן־דוד אויסגעברענטער
אויף זיין לייב האָבן אונדז אַלץ דערציילט...

אין שטוב שוין ס'לעצטע ביסל שפּייז
אויסגעגאַנגען.
מיר האָבן שוין מער קיין הונגער נישט געפילט,
און גאָרנישט נישט מער באַדאַרפן...

אַרום בעט האָבן מיר זיך אַלע אַרומגעזעצט און געוויינט;
העכער נאָך פון אונדז האָט דער זייגער
אין גאַנג אָן אויפהער געכליפּעט.

און די קאַץ אינאיינעם מיט אונדז טרויעריק אַזוי
איז פון טאַטנס בעט נישט אָפּגעטראָטן...

# שרהלע, שוועסטער מיינע

אומעטום זע איך דיך,
שוועסטער מיינע!
אומעטום.
אין דער היים:
ווען ביים שכן מען קלאַפּט שוין אין די טירן...
און דער ווינט דורכן שליסל־לאָך פון אונדזער שטוב
וואָרנט:
„פאַרשווינד!"...
און ביי אונדז — דער טאַטע, די מאַמע,
חוה, מתית, פייגע —
שוין נישטאָ...

מיך, אַ קראַנקן, האָסטו מיט דיינע שוואַכע, דאַרע הענט
אין דער געהיימער שטוב־קאַמער אַוועקגעלייגט,
און אַליין — ביסטו אויף גיך געלאָפן
די אייזערנע שטאַבעס אויף די לאָדן־טירן צו פאַרלייגן.

איך זע דיך אין אַ ווינטער־נאַכט
אַ האַלב באָרוועסע מיט אַ ביסל אַלטע קליידער אונטערן בוזעם פאַרשטעקט
אַריבערן געטאָ־לאָך קריכן,
און אויפן וועג האָט אַן ס.ס.־קויל דיר דיינע קני אונטערגעזעגט.
נאָר דער ווינט — דיר אַ ברודער —
האָט אויפן שניי פאַרשאַרט די שפּורן פון דיינע טריט,
און דו — מיט בלוט אַ באַגאָסענע האָסט זיך קוים אין שטוב דערשלעפּט.

כ'זע דיך ביינאַכט,
ווי דו דראַפּעסט זיך איבערן דראָטענעם געטאָ־פּלויט
די עס־לעפל אָוועקטראָגן דעם סטרוזש אַנדריי.
אונדז — טענהסטו — נישט נויטיק שוין זיינען זיי...
און אין שטוב — די שאַפע, די בענקלעך;
די טישטעכער, די בעטן, אַלץ
האָט ער שוין צוגענומען פאַר אַ ביסל קאַרטאָפל און זאַלץ.

און פאַר מיר, שוועסטער מיינע,
האָסטו דיינע ווינטער־שיך נאָכנישט געטראָגענע,
פאַר רפואות, אַוועקגעגעבן.
בלויז דעם אָפּגעריבענעם שפּיגל אין קאַמער
האָסטו פאַר גאָרנישט מער נישט געקאָנט אַוועקגעבן.

דיך, דיין פּנים, די אויגן טרערנדיקע דיינע,
וואָס דער שימל אויף די ווענט פון אונדזער הויז
האָט אַזוי מוראדיק גרויס
אין ראַם שוואַרצער אויסגעמאָלן —
אומעטום, אומעטום — זע איך דיך —
שרהלע, שוועסטער מיינע;

# מ׳האָט אין לאַגער וועש געטיילט

מ׳האָט אין לאַגער וועש געטיילט,
פונקט ווי אַלע מאָל — פּאַר יעדן אַ פּאָר;
פאַר קליינע מענטשן — העמדער גרויסע,
פאַר די סאַמע גרעסטע — אַקוראַט די קלענסטע.

העמדער אָן אַרבל, געלאַטעט, צעריסן;
היינט אין דער ריי דער סאַמע לעצטער —
האָב איך אַ העמד פול לאַטעס באַקומען
מיט בלוט־פלעקן ביים קאָלנער...

אין באַראַק האָט יעדער זיין וועש באַקוקט.
איינער ביים אַנדערן דאָס העמד זיך געביטן;
איך — אין אַ ווינקל געשטאַנען, דאָס העמד באַטראַכט...
די בלוט־פלעקן אין קאָלנער האָבן געשריגן אין שווייגן...

איך זע:

מיט שטילע ציטערדיקע טריט
מיין ברודער מתית גייט;
דאָס פּנים מיט אַ טיכל פאַרשטעלט
און בלוט פונעם טיכל רינט...

אינדרויסן ווײַנט דער רעגן, די סלופּעס ביים דראָטענעם צוים.
די אַראָפּגעפּאַלענע בלעטלעך טוליען זיך אין געוויין;
ס'שטעכל־דראָט אויפן פּלויט קריצט מיט די ציין.
און איבער אַלעמען, אין דער זייט — ווײַנט דער נאַקעטער בוים...

## חוה, שוועסטער מיינע

פאַרנאַכט איז געווען.
אין הויף אַקעגן — ס.ס. געקומען זוכן . . .
אַלע אין דער היים — אין בונקער אַוועק;
דו, מיט אַן אויסגעבראָכענער האַנט, געליגן אין בעט.

דער לעצטער בין איך פון שטוב אַרויס.
אין געאייל — די טיר נישט פאַרשלאָסן.
אין הויז איז פינצטער געווען און קאַלט.
דער הונגער — געוויינט ביי דיין צוקאָפּן . . .

ביים אַרויסגיין פון שטוב דערזע איך ס.ס.
און פאַר מיר — שוין פאַרשטעלט דער וועג צום בונקער;
אַרום געטאָ-פלויט — שטעכל־דראָט מיט גרויסע, פאַרזשאַווערטע ציין.
נאָר דיינע טרערן העלפן מיר דעם צוים אַריבערגיין.

ווייט, ווייט פונעם געטאָ זע איך:
אין גרינע אונטער-קליידער אויסגעפּוצט די ביימער.
דער ווינט פלעכט צעפּ פון זייערע צווייגן.
די גאַסן-לאָמפּן דערציילן מעשהלעך פאַרן שלאָפן.
איינגעדרימלט איז שטיין אין שטיין,
און דער ווינט מיט אַ ניגון וויגט זיי אַלעמען איין.

און דאָ, די גאַכן אַרום — אבלים פאַרוויינטע.
תליות — די סלופעס ביי איטלעכן פלויט ;
און דער הימל וויינט אַראָפּ איבער אַלע הייזער.

און דו — איינע אַליין קראַנק אין שטוב געבליבן.
און אין הויז — ס.ס.
חוה, שוועסטער מיינע !

וואַל דייוויד 11־טן יולי, 1950.

## איך גלויב

מײַן מאַמען,
װעלכע איז דעם 22־טן סעפּטעמבער, 1942
דורך די היטלעריסטישע רוצחים אין טאַרנאָװ
אומגעקומען אויף קידוש־השם,
דאָס ליד געהייליקט.

צעהענג דײַנע טרערן איבער אַלע װעגן,
מאַמע.

הינטער די קראַטן פֿון נאַכט
האָסטו געצערטלט די זומען פֿון מײַן טרוים:
פֿאַרשטילט װעט װערן ס׳געװײן אין דער נאַכט,
און קנאָספּן פֿון גלויבן
װעלן צעבליען זיך אויפֿסניי.
שרעק זיך נישט, שרעק זיך נישט, קינד,
גלויב.

ס׳האָט פֿײַן אין גלויבנס אויגן אַש געשאָטן.
און דו, מאַמע, האָסט מיר געשװאױרן:
ס׳װעלן דײַנע טרערן מיך באַגלייטן
ביזן איבערהיפּן דעם לעצטן טויער פֿון נאַכט.

זע, ווי כ׳שטיי אין געבעט:
ס׳האָט נאָכט דעם שפּיגל פון דיינע טרערן מיר אָוועקגערויבט,
און ס׳קענען די זוימען פון מיין טרוים
די שיין פון העלן שליאַך נישט דערגרייכן.

צעהענג דיינע טרערן איבער אַלע וועגן,
מאַמע.

ווייל איך גלויב, אַז הייליקער ווי דו,
קען גאָט אַליין דעם גלויבן נישט צינדן.
איך גלויב מאַמע,
איך גלויב!

# כ׳וועל שוין נישט קומען מער

כ׳וועל שוין נישט קומען מער,
היים מיינע,
צו דיר צוריק.

שוין נישט קומען אויף מיין מאַמעס קבר אַהער
מיט מיין טרער.
כאָטש איך דאָ
שטייט אין טרויער געבויגן מיין געצעלט.

כאָטש כ׳וויים, כאָטש כ׳וויים,
אַז נאָך ווייט איז דער אָפּשטעל־צייכן
פון מיין וואַנדער־וועג.
כ׳האָב אין געהיים אָפּגעהיטן
מיין מאַמעס ניגון
מיט וועלכן זי פלעגט מיך טרויעריק פאַרוויגן.
איר ניגון שטענדיק גייט מיר פאָרויס.

ס׳פלעגט מיין טאַטע ביי די מאָלצייטן מיט מיר רעדן,
פּאָטערלעכע רייד.
און אַז איך האָב פאַרכטיק זיך גענומען איינהערן —
האָבן ביי מיין מאַמען טרערן זיך געגאָסן פאַר פרייד.

און איצט —
אַפילו מיין מאַמעס געוויין,
אין גאַנג צום שייטער,
האָט דער ווינט פאַרלאָשן ...
היים מיינע,
כ'וועל נישט קומען מער צו דיר צוריק!

## פייגע, שוועסטער מיינע

כ׳דערמאָן זיך:
ס׳איז אַ שפּעטע ווינטער־נאַכט געווען;
שטיל האָסטו אין דער טיר געקלאַפּט:
„ס׳איז איך, פייגע, לאָזט מיך אַריין".

אין שמאַטעס געוויקלט ביסטו אין שטוב אַריינגעקומען;
ס׳פּנים דיינס, די אויגן, מיט פראָסט פאַרוואָקסן.
אויפן אַקסל — אַ טאָרבעלע מיט פאַרדאַרטע שטיקלעך ברויט,
פאַרן טאַטנס ווינטער־מאַנטל פאַרביטן.

די מאַמע האָט ס׳ברויט אויפן טיש אויסגעלייגט
און אומצאָליקע מאָל געדערכנט און געציילט,
וויפל ס׳וועט אויסקומען געגוי אויף איעדן.
און די קינדער — ס׳ברויט מיט די אויגן געשלונגען.
דו — אין אַ ווינקל געשטאַנען און געשוויגן...

שפּעטער, אַז מיר האָבן ביים צאַנקנדיקן נאַפט־לעמפּל
דיין פאַרבלוטיקטן קאָפּ דערזען
האָבן אַלע אויפן קול זיך צעוויינט,
און ס׳ברויט האָט שוין קיינער נישט עסן געוואָלט...

די מאַמע האָט מיט אירם אַ קלייד
פאַר דיינעטוועגן געוואָלט דעם אויוון אונטערהייצן
איז אין שטוב קיין שוועבעלע נישט געווען.
און דאָס נאַפט־לעמפל שוין אויסגעצאַנקט...

צומאָרגנס ווען איך בין פון דער צוואַנגס־אַרבעט געקומען
ביסט שוין מער נישט געווען...
פאַרשמאַכט זיינען אַלע אויף דער ערד געלעגן,
פאַרווינט...

דיין נשמה, הייליק אַזוי אויסגעגאַנגען
וואו זאָל איך איצטער זוכן?
און ווען, ווען אויף דיין קבר פרעגן? —
פייגע, שוועסטער מיינע!...

# שטילערהייט

שטילערהייט בין איך פון שטוב אַרויסגעגאַנגען.
אויף מיינע הענט — אַ העמד, אַ שטיקל ברויט
אין אַ רוקזאַק פאַרבונדן;
מיין מאַמע — אין אַ ווינקל געשטאַנען און די טרערן געשלונגען...

געוואוסט האָב איך וואו ס׳פירט דער וועג.
געגאַנגען איבער געטאָ־געסלעך פינצטערע, קרומע;
יעדעס פענצטער, יעדע טיר האָט זיך געקאָרטשעט אין שרעק.
איך — געגאַנגען צו דער עקידה.

אין דער היים — דריי שוועסטער און אַ ברודער פאַרבליבן.
דער טאַטע — זייט נעכטן שוין נישטאָ;
כ׳האָב גענומען ס׳שטיקל ברויט, וואָס האָסט נישט דערעסן,
טאַטע, און געגאַנגען מיט תפילה אויף די ליפן ווי דו...

כ׳זע מיין מאַמען אויפן זאַמלפּלאַץ ציטערן אין שרעק.
דערנאָך,
האָט אין וואַגאָנען פאַרקראַטעוועטע
צום אומקום געפירט איר וועג.

און איך —
שטילערהייט בין איך פון שטוב אַרויסגעגאַנגען.
אויף מיינע הענט אַ העמד, אַ שטיקל ברויט
אין אַ רוקזאַק פאַרבונדן;
מיין מאַמע — אין אַ ווינקל געשטאַנען און די טרערן געשלונגען...

# לעבן אַן איינזאַמען בוים

איך זיץ לעבן אַן איינזאַמען בוים,
מיט מיינע טרערן שרייב איך
די אותיות, אויפ'ן פּאַפּיר:
דער טאָג ווערט פאַרשרומפּן, פאַרלאָשן.
איך און דער בוים לעבן מיר —
ביי אונדז איז נאָך לעבן פאַרבליבן —
טרערן.

אַקעגן בוים — אַ הויז העל באַלויכטן,
הינטער'ן הויז, לויערט אין שאָטן דער טויט.

אין פעלד אַרום, וויינען גרילן און וויינען.
איך און דער בוים — וויינען מיט.
דערנאָך, פונ'ם שאָטן, מיין טויטע מאַמע גייט;
אין איר האַנט אַ טאָרבעלע אַש פון די קינדער.
זי טוליעט עס און טוליעט עס צום האַרץ און וויינט . . .

וואַל דייוויד, 1950.

## איך גיי עפּעס עסן באַזאָרגן

שפּעט אין אָוונט. אַלע אין דער היים
פאַר הונגער אויף דער ערד איינגעשלאָפן.
נאָר איינער, איינער איז אויף —
די מאַמע וויקלט מיט אַ שמאַטע איר פוס
פון אַ קויל אַדורכגעשאָסן.

אין הויז אַזוי טרויעריק שטיל.
און אין ווינקל פון שטוב, פון צייט צו צייט,
אויפן קול צעוויינט זיך
אַ גריל.

„קום, יאָסלי!" — וועקט מיך די מאַמע שטילערהייט.
אַט האָב איך מיינס אַ העמד
אין אונדזער קעלער־קעמערל געפונען;
וועסט, אפשר, קינד, דערפאַר קאַרטאָפל אַ פּאָר באַקומען.
און רעדנדיק אַזוי פאַלט זי אום
און פון איר פוס דאָס בלוט רינענדיקע בעט זיך:
— גיי...

אַ באַרוועסער, ס׳העמד צום לייב אַרומגעבונדן
שאַר איך זיך איבערן גלאָזיקן שניי.
די שטיבער, די הייזער אין געטאָ, אָפּגעשטאָרבן.
נאָר גליאיק שאַרף דער גלאָזיקער שניי

— איך גיי...

און אָט קום איך צום הויכן דראָטענעם פּלויט,
און, ווי אַן אָנפּיסיקער וואָרעם איך ראַטשקע זיך
איבערן געהיימען געטאָ־לאָך דעם שמאָלן,
און מיט מיינע הענט — ציטערדיקע שאָטנס — אין שרעק
טאַפּ איך אויף פּאָרוים דעם וועג...

צעדראַפּעט, צעבלוטיקט
שאַר איך זיך פון לאָך אַרוים.
אויף די הענט אַלץ ווייטער כ׳קריך מיטן קאָפּ אַראָפּ,
נאָר דאָס העמד אַרומגעבונדענע, ווי אַ הייליקייט כ׳היט אָפּ...

פּלוצים טאַפּ איך אַן קערפּערס צוויי,
פאַרבלוטיקט, איינגעקלעמט אין שניי,
מיט די פּנימער אַרויף ליגן.
און ווייטער, ווייטער איך זע:
אַן ס.ס.־מאַן, די ביקס געלאָדן,
שפּאַנט אויף און אָפּ, שפּאַנט אויף און אָפּ.

פאַר שרעק ליג איך זיך ביי די קערפּערס אַוועק...
און איך טראַכט: אפשר גיין אויף צוריק,
אַז סיי ווי סיי וועל איך נישט דערגיין דעם וועג.

נאָר באַלד נעמט דער טורעם־רעפלעקטאָר אין מיין זייט זוכן
און איך — פאַר שרעק ווייס נישט מער דעם וועג אויף צוריק...
נאָר אַלץ פעסטער און פעסטער אין די קערפּערס איינגעדריקט איך ליג
און איך זע די ווייַנענדיקע היים,
אין שטוב פאַרשמאַכטע מענטשן זעקס
וואַרטן.
און דאָס בלוט רינענדיקע פון דער מאַמעס פּוס,
וואָס בעט זיך: גיי.
אַפילו פון די טעפּלעך הונגעריקע דערגייט צו מיר ס׳געוויין.

און איך — איך קלאַמער זיך אין שרעק
און ליג? —

— ניין!
איך גיי!...

## פֿאַרמאַך נישט די לאָדנס מער

פֿאַרמאַך נישט די לאָדנס מער,
קינד,
נישט נויטיק שוין...

לאָז דעם טויט אַריין
פֿריי.
באַזאָרג נישט מער קיין וואַסער אין שטוב.
ס'וואָרט „ברויט"
ברענג נישט אויף דיינע ליפּן,
נישט נויטיק שוין...
דאָס ביסל האָלץ אין קיך —
וואַרף אַרויס.
ס'פֿוירהענגל איבערן פֿענצטער —
אויף שטיקער צעריס.
מיר דאַרפֿן שוין גאָרנישט מער.
איך — מיט מיין קרבן־מנחה־סידור,
דו — מיט דיינע תּפֿילין
און מ'טאַטנס קמיע וואָס האָסט אין קעלער־בונקער געפֿונען,
אָט־אָ דאָס בלויז וועלן מיר מיטנעמען.

נאָר פֿאַרגעס נישט, קינד מײַנס,
אין די לײַכטער ליכט צינד אָן.
זאָלן ליכט ברענען
פֿאַר אונדז און פֿאַר אַלע די,
וואָס האָבן קײנעם נישט איבערגעלאָזן
יאָרצײַט־ליכט צו צינדן...

# געוויין פון בענקשאַפט

אומענדלעך וויינענדיקע פוסטקייט — מיין היים.
פאַרווישט איז דאָ יעדער שפור פון טריט,
אוראַלט ברוכיוואַרג ווילד אָנגעוואָרפן, אָנגעהויפט —
ווי גאַרנישט, גאַרנישט האָט דאָ געלעבט...

טויט איז דאָ דער ציטער פון אַ בלעטל,
ווינט, ווי פאַר שרעק שנידערט אין שטילקייט און וויינט;
נאָגנדיקער טרויער וויקלט
די באַנדאַזשן פון געוויין...

ס'איז אָפּשיין פון ווייטן צעבלי,
ווי מיט תהום פאַרגרענעצט;
ס'זאָגט בלויז ריח פון בלוטיקע סמנים,
אַז דאָ האָט גרויזאַמער שטורעם געהויזט...

די זון דאָ — שווידערלעך געשפּענסט.
ווייטיק געוויקלט אין שטילקייט פיבערט;
און הימל — אַן איינגעבראָכענער אָבל אין צאָרן —
צינדט דינינקע ליכטעלעך געוויין, טראָפּ נאָך טראָפּן...

אַזוי אומענדלעך וויינענדיקע פוסטקייט — מיין היים.
פאַרווישט איז דאָ יעדער שפור פון טריט;
אוראַלט ברוכוואַרג ווילד אָנגעוואָרפן, אָנגעהויפט, —
ווי גאַרנישט, גאַרנישט האָט דאָ געלעבט.

נאָר אַלץ ליגט אין בענקשאַפט פאַרטרויערט.
נאָר אַלץ ליגט אין טרויער און וואַרט: —
אַ האַנט פון ליכט זאָל פאַרגרענעצטן תהום דורכרייסן און רופן:
הייליק און דערלייזט,
הייליק און דערלייזט,
איז געווייַן פון בענקשאַפט.

**טאַרנאָוו, 2־טן אַפּריל, 1945.**

# אויסזידלונג

(פראַגמענט פון אַ פאַרלוירענער פאעמע —
געהייליקט דער ערשטער אויסזידלונג
פון טאַרנאָווער געטאָ).
כ״ו סיוון, 1942.

איינגעבראָכענע פענצטער און טירן,
ווי יתומים —
הענגען אַראָפּגעבויגן,
און פול מיט ווייטיק-שווייגן.

ס'זאָל ווער זייער שפּראַך פאַרשטיין,
ס'זאָל ווער אויף זייער שפּראַך רעדן קענען —
פון יעדן וואָס האָט דאָ זיין נעסט געבויט,
וואָס איז ערגעץ, אפשר, אַ שאָטן בלויז,
אויך איינגעבראָכן אַראָפּגעהאָנגען אַזוי פאַרבליבן...

דאָ, פון אומעטום מענטשן סטאַדעווייז צונויפגעטריבן;
מענער, פרויען, קינדער און אַלטע לייט.
פרויען טראָגן זייערע זויג-קינדער אין די הענט איינגעקלאַמערט
מענער און אַלטע לייט — איינגעהויקערט גייען מיט משאות טרויער
און אומקום אין די אויגן,

און אַלץ אַרום — אַזוי שאַ און שטיל...
און גאַס אַליין —
קוקט צו און שווייגט...

פונוויטנס, אַ פויערל אַ קליינס
שפּאַנט אַזוי זיכער און דרייסט;
פירט אַוועק די לעצטע שאָפע און בעט
פון זייער שכן דעם ייד.

דאָ — צונויפגעקוועטשטע מאַסע —
אַלץ ענגער און ענגער קאָרטשעט זיך צונויף,
ס'איז יעדנס פּלאַץ דאָ — נאָר אַ קרקע בלויז,
וואָס טאָר גישט זיין מער ווי אַ שפּאַן די גרויס.

דאָ — שאָטנס איבער קלומיקלעך איינגעקוועטשט, איינגעקאָרטשעט;
ס'זיינען קברים דאָ אָפּגעמאָסטן,
לויט דער ריי און צאָל.
און דער טויט אַליין וואַרט אויף באַפעל...

ווער ס'האָט אויף לעבן שוין גאַליקן שפּיי אויסגעשפּיגן
און ווער — נאָך ל'עצטע ברעקלעך גלויבן
אין גאַנג צו שחיטה ווי הייליקייט אָפּגעהיטן,
און אַלץ אַרום — אַזוי שאַ און שטיל...

פונווייטנס אַ פֿויערל אַ קליינס
פֿרייט זיך מיטן גערעאַטענעם פֿרילינג־פּאַרזיי,
זינגט זיך אונטער אַזוי זיכער און פֿריי,
און ווייסט, אַז די קבֿרים־פֿעלדער דאָ
האָט זיין גאָט אויסגעקלערט אַזוי,
און ער דאַרף האָפּערדיק אַזוי
זיין שניט פֿריידיק שניידן
און — זינגען...
און אַלץ אַרום — אַזוי שאַ און שטיל...

## פֿאַרנאַכט אין אוישוויץ

פֿאַרנאַכט איז געווען.
געגאַנגען זענען חברים אין לאַגער,
טרויעריק שטיל און מיד.
יאָמערלעך הויך — ס'געוויין פֿון זייערע טריט.

פֿונוויטן זענען פֿויערים געגאַנגען.
אויף זייערע פּלייצעס פֿול־געלאָדענע זעק,
אויף די אַקסלען זייערע אָנגעהאָנגען העק,
געגאַנגען האָפֿערדיק אַזוי און געזונגען.

איינער גיי איך אין לאַגער אַרום,
פֿאַר שטראָף ס'לאַגער־הויף איך רייניק.
לעבן אַ וואַנט — פּריטשן צענומענע
פֿון אויסגעליידיקטן באַראַק פֿאַרשעמטע וויינען...
אין געוויין פֿון איטלעכן פּריטש באַזונדער —
הער איך די נעמען פֿון אַוועקגעפֿירטע ברידער...

אין אַ ווינקל דערזע איך צעבראָכענע שטיקלעך גלאָז,
צווישן גראָז פֿאַרשאָטנט.
טרויעריק קוקן זיי צו מיר.
נאָר איך טראַכט:
זיי האָבן אַ נעסט...

און ווייטער, ווייטער אַריבערן לאַגער־פּלויט,
בלומען זע איך איינצלנע, פאַרוויאַנעטע,
ביז אַריבער דער העלפט שוין איינגעבויגן.
און אַרום זיי קראָפּעווע פול אָנגעוואָקסן
האַלטן די בלומען פון אַלע זייטן אַרומגעצוימט...

און לעבן זיי פון דער נידער —
וואַקסט אַן איינאיינציקער דאָרן
און דער דאָרן — וואַקסט זיי אַלעמען אַריבער...
פאַרוואָס, פאַרוואָס איז דאָס אַלץ אַזוי?...

דערנאָך — טרויעריק און שטיל שאַרט זיך די זון אַוועק
— מסתמא צו אַ ברעג...
דאָס גראָז צו דער ערד צוגעטוליעט.
די צווייגן אינעם בוים איינגעדרימלט.
פון צייט צו צייט פליט אַ פויגל פאַרביי
און — פאַרשווינדט,
— מסתמא צו אַ נעסט.

אויך וואָלקנס איבערן לאַגער־הימל
שאַרן זיך מחנותוויז אַוועק.
און קיינער, קיינער פאַרהאַלט זיי נישט אין וועג...

און אַט דערזע איך ביים וואַסער־גרוב
בויערט אַ שלאַנג די ערד און בויערט,
זיכער און פריי
צו איר נעסט דעם וועג.
און איך —
אויך דער שאָטן וואָס איבער מיר,
אויך ער שאַרט זיך פון מיר אַוועק...

# שיך

ביים אײַנגאַנג־טויער אַ וואָרט־שטיבל אַ קלײנס,
דערנאָך — קאָרידאָרן לאַנגע, מיט הויכע, גרויע ווענט.
ביים אַרײַנגאַנג — טויטן־וועגעלעך
אין שורות, גלייכע אויסגעשטעלט...

אויף אַקעגן, פאָרויס און הינטער זיך, —
הויפנס, הויפנס הויך אָנגעוואָרפענע שיך.
אַ דין געוויין ציטערט אין זיי.
מענער, פרויען, קינדער און אַלטע לייט — איין ריי...

די שיך, — איינער אין אַנדערן איינגעוואַקסן, ווי שטיין אין שטיין,
און די ווענט קוקנדיק אויף זיי שפּאַלטן זיך אין געוויין.

דער הימל אָרום — אַ צאַנקנדיק ליכט
אין גסיסה זיך צאַפּלט.
אין שיך אָנגעוואָרפענע זע איך געשטאַלטן הייליקע,
אַזוי וואונדערלעך ליכטיקע.

און אַט נעמט אַ פרויען־שוך צו מיר רעדן:
„אַ בית־יחידה בין איך אין דער היים געוועזן,
דעם גאַנצן וועג אַהער בין איך מיט מיין מאַמען געגאַנגען.
ביים אײַנגאַנג־טויער האָבן קלעפּ מיינע אויגן פאַרשאָטנט
און ווייטער, — שוין מער מיין מאַמען נישט געזען...

אין דער היים ליגט מיין חופה־קלייד
אונטער דער פּאָדלאָגע פאַרגראָבן.
בעטגעוואַנט, ציכן, ליילעכער, אויסשטייער שפּאָגל־נײַ —
געווען שוין גרייט.
דעם חתן מײַנעם האָט אַ קויל אויפן וועג פון אונז אָפּגעשיידט.

זע, אינעם פוטער־לעדערל פון שוך
ליגט אַ צעטעלע אַ קליינס מיט מיין נאָמען איינגענייט.
אויפן צעטעלע — די פינגער־שפּורן זיינע, ווי אַ חתימה
וועסטו נאָך אויפן פּאַפּיר דערקענען...
גיב־אָפּ דער מאַמען אַ גרוס פון מיר:
אַז צוזאַמען אויפן שייטער
בין איך מיט שכנים נאָנטע געגאַנגען,
און מיין חתן זאָג, אַז פונקט ווי ער
האָב איך מיין קרבן הייליק, הייליק געצאָלט"...

און אָט ליגט אַקעגנאיבער אַ שוך אַן אויסגעקרימטער.
און איך זע אַן אַלטן גרייז־גראָען מאַן,
די היים זיינע, פון זיין גאַנצן הויזגעזינד שוין אויסגערוימט.
און אין קעלער פון זיין הויז — אַן איין־יאָריק עופעלע,
נאָר־וואָס אויסגעגאַנגען — פאַרבליבן...

זיין ווייב און זון — שוין צום עשאַלאָן אויסגעשטעלט.
אַלץ פון שטוב, פון שכנים גויאישע אויסגערויבט,
און ער, איינער אַליין נעמט זיך אין וועג און גייט...
און איך זע, ווי די הייזער, די גאַסן, די וואָלקנס איבערן הימל,
אַלע, אַלע גייען מיט אים מיט...
און ער, פאַרן גיין, אַ פאַרבלוטיקט העמדעלע פונעם עופעלע
נעמט מיט זיך מיט.

און מיין טאַטע־מאַמע, די שוועסטער, דער ברודער —
אין עשאַלאָן אויסגעמישט.

און פלוצים, דערהער איך מיין מאַמעס קול רופן:
— יאָסל, זון מיינער, וויי איז מיר, ווי ביסטו דאָ איינער אַליין געבליבן? —
קום כאַטש מיט אונדז אינאיינעם מיט!
און אָט וועקט מיך אויף דאָס בלוט רינענדיקע פון מיין פנים,
און דעם ס. ס.־מאַנס שווערע שטיוול־קלעפּ רייסן פון מיר אַוועק
די אַלע הייליקע געשטאַלטן.
און אַלץ אַרום, מוראדיק אַזוי, איינגעשוויגן,
און ביי די שיך דאָס לשון אָפּגענומען...
נאָר די רעדער פון די טויטן־וועגעלעך מיט שיך באַלאָדענע
ביז צום פלאַצן שרייען, וואָס זיי פאַרמשפּט זיינען
אומפאַרשטענדלעך, שטאַמלענדיק אַזוי, צו רעדן...

און איך — אין בלוט אַ באַגאָסענער ליג אויפֿן דיל.
אַקעגן מיר, פֿאַרווים און הינטער זיך —
וויינען צו מיר אָן לשון
הויפֿנס, הויפֿנס הויך אָנגעוואָרפֿענע שיך...

# קראַטן

אין אָוונט זיינען מיר אַ קליינע גרופּע דערגאַנגען,
וואו אונז געטריבן צוויי טעג מיט אַ נאַכט;
ביים איינגאַנג-טויער פון לאַגער
אַ רעפלעקטאָר,
אַ טורעם,
מאַשין-געווער מיט אַ היטער.
און אַרום אונדז פון אַלע זייטן —
קראַטן,
קראַטן,
קראַטן.

מ'האָט אין לאַגער אַלעמען צעטיילט
אין בלאָקן,
קאָלאָנעס,
און גרופּעס.
ברודער פון ברודער צעשיידט;
פאָטער פון זון —
פאַנאַנדערגעטיילט
מיט קראַטן,
קראַטן,
קראַטן.

צומאָרגנס פרי דער ס. ס.-קאָמענדאַנט באַפעלט:
„אַלע אין וואַשרוים אויסגעשטעלט!"...
פונדרויסן —
קרעמאַטאָריע־רויך, — אַלץ נענטער, נענטער גרייכט;
מיר, נאַקעט, אין ריי וואַרטן.
די זון אַרום לאַגער — מיט שוואַרצער קרעפּע איבערגעדעקט,
די פענצטער אַרום,
אין שרעק וואַרפן זיך הין און צוריק.
און מיר, נאַקעט, אין ריי וואַרטן.
דעם ס.ס.-קאָמענדאַנטס רוט באַפעלט: „סאָרטירן!"...

אַרום אונז — בית־עולם־שטילקייט.
די קליידער־בינטלעך, די שיך, —
אין געוויין איינגעשוויגן;
די ווענט כליפּען.

אינדרויסן —
אַלץ אַרום שוין אָפּגעשטאָרבן;
דער הימל אַרום לאַגער —
אויך אַזוי.
די שאָטנס אויף די ווענט
אַלץ, אַלץ, פאַרשרייבן...

און מיר —
נאַקעט אין ריי, וואַרטן...

ביי ווענעמען נאָך,
אַ סידורל, אַ בריוו, אַ בילד,
אינעם גאַנג אין לעצטן
צום האַרצן צוגעדריקט —
רויבן־אַוועק קראַטן,
קראַטן,
קראַטן.

## אין לאַגער־תּפֿיסה

אין אַ פֿינצטערער צעל
בין איך איינער אַליין.
דער קאָפּ — אין קערפּער איינגעקוועטשט.
די הענט, די פֿיס און אַלע אבֿרים
אין די ווענט איינגעקלעמט;

אין אַט דער צעל אַזוי ענג און קליין,
פֿאַר מיין לעצטן וועג, —
פֿאַרמשפּט בין איך
אַ מעת־לעת אַ גאַנצן צו שטיין.

איך ווייס דאָ גאָרנישט ניט
פֿון טאָג און נאַכט;
דורך אַ שפּאַרע
אַ צאַנקענדיקער שיין פֿון רעפֿלעקטאָר אַקעגן
זאָגט מיר בלויז,
ווען טאָג געזעגנט זיך מיט נאַכט.

אַלע וועגן אַהער — זיינען שטום.
דאָ — אומאויפֿהערלעך גסיסה־געוויין
גייט־אַרום.

און מיך — זעט דאָ קיינער ניט,
און מיך — הערט דאָ קיינער ניט.
מיין געוויין אַן עכאָ ענטפערט־אָפּ, —
די שאָטנס אויף די ווענט.

פּלוצים באַווייזט מען זיך אין טיר
און אַ האַנט אַ טונקעלע ווייזט מיר און ווייזט:
„אָט־אָ־דאָרט דיין מאַמע ליגט,
און ווייטער, ווייט אַריבער די וועגן
דער טאַטע, די שוועסטער, דער ברודער,
דיין גאַנצע היים.
נעם פון מיר די יאָרצייט־ליכט
און גיי אַהינצו קדיש זאָגן...״

און באַלד, ווידער איז מיין צעל פאַרהאַקט
און איך — זע שוין ווייטער גאָרנישט ניט.

אין געוויין כ׳ביים זיך איין די הענט.
מיין געוויין נאָך טרויעריקער ענטפערן־אָפּ
די שאָטנס אויף די ווענט.

דורך דער שפּאַרע דער רעפלעקטאָר
רויטלט זיך, וואָס ער פאַרמשפּט איז
אָט אַ דאָ צו לויכטן...

און מיר —ביידע חברים צוויי,
חברים גלייך פאַרמשפּט אַזוי,
ברודערשאַפט מיר שווערן ביידע —
אין לאַגער־תּפיסה...

## קום, און לאָמיר גיין...

קום, און לאָמיר גיין, ס'וועט קיינער נישט הערן...
כ'וועל פון מיין העמד אַ שטריק דרייען;
אַט אַ דאָרט ביים סלופּ וועל איך דעם שטריק פאַרלייגן.
איך — מיטן פּנים אויסגעדרייט. דו, — וועסט ציען...

קום, און לאָמיר גיין, כ'וועל מיין שטיקל ברויט
ביי דער זייט אַנידערלייגן;
ס'וועט אַ הונגעריקער זיך קוויקן.
איך וועל גליקלעכער זיין — כ'וועל שלאָפן, שלאָפן...

ס'שלאָפט מיין היים שוין אויך אַזוי.
ס'שלאָפט שוין ס'גאַנצע הויזגעזינד;
נאָר די ווענט פון אונדזער הויז וויינען,
וואָס זיי זיינען אַן לשון געבוירן . . .

קום, און לאָמיר גיין...

# הײַנט האָבן מיר אין לאַגער „ספּאָרט“ געמאַכט

הײַנט האָבן מיר אין לאַגער „ספּאָרט“ געמאַכט.
מ'האָט אין „וואַשרוים“ בײַ איינעם אַ רויע קאַרטאָפל געפונען;
דעם ס.ס.-קאָמענדאַנטס דראָט-געפלאָכטענע רוט
האָט זיך אין אונזערע פּנימער טיף אַרײַנגעשניטן
און ריי נאָך ריי צום „ספּאָרט“ געטריבן.

„נאַקעט צו פינף אין ריי אויסגעשטעלט!“ — האָט באַפעל געברילט.
ווי זשאַבעס געמוזט אויף שפּיצפינגער שפּרינגען;
די לאַגער-מוזיק האָט שפּילן געמוזט.
מיר נאַקעט אויף די שפּיצפינגער, געפאַלן און געשפּרונגען...

דער שניי אויפן פּלאַץ — אָן אויפהער געשאָטן און געשאָטן.
די שוואַכע און אַלטע לײַט — הײַנט אַנדערש ווי אַלע מאָל —
אין פאָדערשטער ריי אַרויסגעטריבן;
דעם וואָס בײַ אים די קאַרטאָפל געפונען, —
מיטן קאָפּ אַראָפּ אויף אַ סלופּ געהאָנגען.
אונדזערע קערפּערס — שוין פאַרשטײַפט אינגאַנצן,
און די אָטעמס — שטיינגעבליבענע זייגערס...

פונדרויסן, — סיגנאַל פון קרעמאַטאָריע-וואָגן ליאַרעמט און ברילט.
מיר — שוין גאָרנישט געזען און גאָרנישט געוואוסט,
נאָר אונדזערע פּים האָבן אַלץ כּסדר, כּסדר,
ווי אין גסיסה זיך געוואָרפן...

## אַ שפּין

די פּריטשן אין באַראַק — רייענווייז צונויפגעשמידטע.
איבער די פּריטשן-ברעטער — פּנימער אויסגעלאָשענע.
די זון אין דרויסן רויטלט זיך אין געוויין טיפן.
די קראַטן-פענצטער אין אונזער באַראַק האָבן אַלץ אין אונזער צעל
אין קראַטן שניידיקע איינגעשלאָסן...

דעם בוים אַקעגן — אויך אַזוי.
און דער בוים הינטער קראַטן בליט...

און מאָדנע, אַריבער די קראַטן הין און צוריק,
מיט פּיס, נאָדלען שפּיזיקע,
לאַנג און דין,
שפּאַצירט זיך אַזוי לאַנגזאַם, זיכער און פריי
אַ שפּין.

אויפן זאַמל-פּלאַץ — אויף תּליות הענגענדיקע קערפּערס...
און זיי, נאָר איינער אָן מורא באַווייַנט —
דער ווינט.

און אָט איז דער הימל אויך הינטער קראַטן פאַרשלאָסן,
און אין טרערן אַ באַגאָסענער ער רייסט זיך און רייסט
און קען נישט די קראַטן אַריבער.
אַקעגן אונדז — רויך פון אויסגעליידיקטן באַראַק...
און אין אונדזער צעל — פּנימער אויסגעלאָשענע —
אויף זייער ריי וואַרטן...
און דער בוים הינטער די קראַטן בליט...

אין דרויסן דער רעגן
באַוויינט די קערפּערס הענגענדיקע,
אונדזערע פּנימער אויסגעלאָשענע,
דעם לעכערדיקן דאַך
אין אונדזער באַראַק,
און אַלץ אין אונדזער צעל וויינט מיט
און דער בוים הינטער די קראַטן בליט...

און איך זע, ווי אַריבער די קראַטן, די ווענט, ביז אַריבערן בוים,
אַ שפּינוועבס־בריק הענגט,
מיט פליגן פול פאַרפּייניקטע, צעווייפגעקלעמטע
און איבער זיי אַלעמען, מיט פיס, נאָדלען שפּיציקע,
לאַנג און דין,
שפּאַצירט זיך אַזוי לאַנגזאַם זיכער און פריי
אַ שפּין.

אין פליגן פאַרפּייניקטע אַלעמען איך זע.
און צווישן זיי —
מיין טאַטע־מאַמע, מיין גאַנצע היים.

מקנא בין איך די פליגן אַצינד,
וואָס אומגעשטערט אַזוי זיי הענגען פאַרשפּינט...

# איבערן לאַגער־טויער הענגט אַ שטריק

איבערן לאַגער טויער הענגט אַ שטריק.
דער ווינט שליידערט אים
הין און צוריק.
אין אים איך זע,
פּונקט אַזוי,
הענגען מיין געהאָנגענעם ברודער...

ביי דער זייט פון באַראַק
פון ברידער געשאָסענע רינט דאָס בלוט.
און אַלץ אַרום — פון בלוט זייערן רויט.
אַזוי זע איך דיך,
היים מיינע...

אויף יענער זייט פון לאַגער,
ווייט אַריבער די וועגן,
זע איך אַ ברענענדיקן דאָרן
לייכטן וואונדערלעך אַזוי און גרויס.
אַרום אים — פון שטעט גאַנצע פאַרפייניקטע
פלאַמען גייען־אויף געטלעך־הייליקע.
אין זיי אויך דיך דערקען איך,
שטאָט מיינע...

ערגעץ ווייט, ווייט,
וואו אַלץ שוין ווײסט איז און אָפּגעשטאָרבן —
וואָגלט איינער מיט זיין געוויין
און בלינדערהייט זוכט ער
די שפּורן פון זיין היים, —
אַזוי זע איך מיך אַליין...

# אין לאַגער־הויף שטייט אַ בוים

אין לאַגער הויף שטייט אַ בוים
מיט צווייגן געדרייטע, קודלאַטע האָר ;
אויפן זאַמל־פּלאַץ — תּליות ביזן לאַגער־צוים,
ער מיט זיינע צווייגן זינגען גאָר...

אין זיין ריי — ס'צענטע קבר שוין.
מיט קברים־בלוט דער הימל רויט ;
מיט בלוט אָנגעזויגן ביז זיין בלעטער־קרוין
זינגט דער בוים צו קברים אַ לויב ?...

אַלץ איז דאָ מיט טויט באַשריבן,
די זון אַרום — אַן אויסגעברענטער קנויט ;
פאַרוואָס איז דער בוים צעבליט געבליבן,
און ערד, באַראַק, פלויט — באַשריבן מיט טויט ?

## אַזוי שטילערהייט

פֿאַרשטעלן מיין געוויין, נייך, —
קען איך נישט.
אויך ווערטער פּשוטע צו דערקלערן —
האָב איך נישט,
פֿאַרוואָס מיר איז דאָ טרויעריק,
טרויעריק אַזוי.

אַזוי פיל זון דאָ פֿאַראַן;
ברויט אומעטום צו זעט,
יעדעס ביימעלע און גרעזעלע מיט געזאַנג צעבליט.
נאָר מיר איז אַלץ דאָ פרעמד,
און טרויעריק, טרויעריק אַזוי.

אין דרויסן טריפּט אַ זומער־רעגן
און פון דער זייט, פון אַן אַלטער איינגעבראָכענער כאַטע,
טרערן טראָפּנס קאַפּען,
ווי די טרערן פון מיין געוויין,
טרויעריק שטום...
און ווי לאַנגזאַמע גסיסה צאַנקען
און גייען־אויס אַזוי שטיל, שטילערהייט,
אַזוי שטילערהייט...

**מאָנטרעאל, 25־טן אַפּריל, 1950.**

## 18260-אַ

בויג זיך טיפֿער אין געוויין;
אויך הימל האָט פֿאַר בושה
זיך ס׳פּנים פֿאַרשטעלט
און וויינט...

אויך זון פֿאַר בושה זיך רויטלט,
און ווי איך —
איינזאַם, איינזאַם, וואָגלט.
ווי איך — אַ פֿויגל פֿון פֿאַרשוואונדענער נעסט —
וויינט, —
וויינט, וואָס ווייסט נישט דאָס אָרט פֿון קדיש זאָגן...

בערגער געוויין זיינען איבער אַלע וועגן אָנגעהויפֿט,
און מיט וויפֿל בלוט זיי זיינען איינגעוואַקסן
וויסן אפֿשר די ווייִנענדיקע ווערבעס צו דערציילן.

בויג זיך טיפֿער, טיפֿער אין געוויין;
אויך הימל האָט פֿאַר בושה
זיך ס׳פּנים פֿאַרשטעלט
און וויינט.

און איך בין איינער אַליין אין שטורעם געבליבן.
אויפֿן וועג צום שייטער
האָב איך פֿאַר ווייִנענדיקע ווערבעס מיין חלום געשפּונען.
און אַז דער שאָטן וואָס האָט מיך באַגלייט
האָט זיך יאָמערלעך צעוויינט, —
האָבן פֿון וויטן קעפּ זיך געהויבן
און — הילכיק געלאַכט.

וסף ראָגעל

וד-קאָמיטעט

מאָנטרעאל

י. י. סיגאַל, ישראל ראַבינאָוויטש, שלום שטערן, מלך ראַוויטש, רחל קאָרן, יעקב זיפּער, י. גלעדי־גאָלדפאַרב, אסתר סיגאַל, י. מדרש, מ. מ. שאַפּיר, ה. קיילעס, י. דאַנילאַק, נ. י. גאָטליב, ברײנע בערקאָוויטש, א. ש. שקאָלניקאָוו, א. שפּאָרן און ש. שילדקרויט.


השובער פריינט :—

מיר שיקן אייך צו דאָס לידער־בוך „אוישוויץ" פון דעם טאַלאַנטפולן און עכטן דיכטער יוסף ראָגעל. די לידער פון אָט דער ערשטער זאַמלונג אָטעמען מיט שטילער פּאָעטישער פשטות. די טיפע וויטיקדיקע איבערלע־בונגען רודערן אויף אונזער געמיט. דאָס זיינען רירנדיקע לידער געלייטערט אין אייגענעם פייער. מיר פילן דעריבער, אַז דאָס בוך פונעם דיכטער יוסף ראָגעל פאַרדינט די וואַרעמסטע באַציאונג פון די בעסערע און געטרייע לייענער פון דער יידישער פּאָעזיע.

מיר ווענדן זיך צו אייך, ווי צו איינעם פון די איבערגעגעבענע פריינט, ליבהאָבער און אונטערשטיצער פון דער יידישער ליטעראַטור איינצושאַפן זיך זיין בוך. איר וועט האָבן אַ זאַמלונג פון עכטע, דיכטערישע לידער און גלייכצייטיק וועט איר דערמיט דערמוטיקן אַ יינגן, טאַלאַנטפולן דיכטער.

מיט דרך ארץ.

און דאַנק :

י. י. סיגאַל.

מיט באַשטעלונגען זיך ווענדן :

J. DANIELACK
c/o JEWISH PUBLIC LIBRARY
4099 ESPLANADE AVE.
MONTREAL, CANADA

אָדער אויפן אַדרעס פון מחבר :

J. ROGEL
4550 DE BULLION ST.
MONTREAL, CANADA

און איך מיט טאַרבעלע גלויבן אונטער אָרעם
צום שייטער געשפּאַנט...

בויג זיך טיפער, טיפער אין געוויין;
אויך הימל האָט פּאַר בושה
זיך ס׳פּנים פאַרשטעלט
און וויינט

איך, וואָס טראָג פון שייטער דעם בלוטיקן סימן,
ביי יעדן שטויבעלע אַש פון אייך פאַרבליבן —
איך שווער:
ברידער, האָט שייטער אייער חלום אין מיטן צעבלי איבערגעריסן —
וועל איך —
אייער חלום ווייטער שפּינען!
הייליק און אייביק.
ס׳איז אַן עדות,
פון מיין האַנט דער בלוטיקער סימן:

**18260-א**

# שלאָף מיין קינד מיין טייערס שלאָף

שלאָף מיין קינד, מיין טייערס, שלאָף.
איי ליו, ליו, ליו, ליו.
ס'איז דיין היים איצט נאַכט געוואָרן,
פון דיינע ברידער — קיינער, קיינער נישטאָ...

ס'האָט דיין מאַמע לידער געזונגען, —
פון יעדן בלימעלע און גרעזעלע אין פעלד;
איצט געזאַנג פון קראָ נאָך בליץ —
איז פון חרובער היים דיין מאַמעס ליד.

ס'האָט דיין מאַמע לידער געזונגען
פון שטערן גאָלדענע און פון סאָלאָוויי דאָס ליד;
איצט טרויערט דיין מאַמע, אַ פויגל ביי ליידיקער נעסט,
פון דיינע ברידער — שאָטנס פון בערגעלעך ערד געבליבן...

אַזוי איז דיין מאַמע איינע אַליין געבליבן,
ווייטער אויף וואַנדער־וועגן אויפשלאָגן איר געצעלט;
יעדער האָפן און ברעג איז אָפּגעצוימט, אָפּגעשלאָסן.
און איר ליד — אַ שפּין אין אויג פון דער וועלט...

טא, שלאָף מיין קינד, מיין טייערס, שלאָף.

## כ׳האָב געהערט אַ בריוו לייענען

כ׳האָב געהערט אַ בריוו לייענען
פונעם לאַגער־קאַפּאָ — „קרוואווי יאַן״ ;
איך — אין אַ ווינקל אין וואַשרוים געשטאַנען,
אין מײַנע הענט אַ בעזים און אַ קאַן.

„בײַ אונדז איז ווידער אַלץ גוט געוואָרן,
דער טאַטע שוין פון לאַגער אָפּגעלאָזן ;
דײַן ברודער וואַסיל — בײַ געסטאַפּאָ אַ פּאָסטן באַקומען,
ס׳הויז פונעם שכנישן זשיד — האָבן מיר איבערגענומען...

דײַן שוועסטער, מאַרי — מיט קליידער, צירונג אויסגעפּוצט ;
אונדזערע קי — כ׳פּאַשע אין פעלד
פון געהאַנגענעם איצקאָ דעם קרעטשמאַר,
אַ דאַנק און לויב יעזוסן אונדזער האַר...

אין זײַן גאָרטן — האָבן מיר פון אַלעם, אַלעם פאַרזייט.
און דו — האָב איך געהערט ביזט לאַגער־קאַפּאָ געוואָרן ;
אָך, קינד, אַ רחבות, בײַ אונדז וואָלסט גאָרנישט דערקענט.
דײַן מאַמע טעגלעך אין קלויסטער בעט פאַר דײַן אַהיימקומען״...

## כ׳האָב פון דער היים אַ גרוס באַקומען . . .

כ׳האָב פון דער היים אַ גרוס באַקומען
פון מיין מאַמען מיט דריי טעג צוריק;
פון אונדזער הויז — שוין טירן און פענצטער צענומען.
אין אונזער הויף — הויך מיט גראָז אויפגעגאַנגען
פּאַשעט זיך איוואַנס ציג.

דעם טויער ביים איינגאַנג פונדרויסן, —
האָט אונדזער סטרוזש אויף האַלץ פאַרקויפט;
זיין ווייב טראָגט מיין מאַמעס קליידער.
זי זאָגט: —
זיי פּאַסן איר — עלעהיי אויף איר גענייט...

זי טראָגט מיין מאַמעס גאָלדן הערצעלע
שוין מיט אַ צלם אויסגעקריצט;
נאָר ער, דער סטרוזש, איז מלא רציחה און כעס, —
עפּעס דאַרפן זיי נאָך האָבן אין דער ערד באַגראָבן,
און די ערד, פּשיאַקרעוו, שווייגט, ווי זי וואָלט שווייגן געשוואוירן...

כ׳האָב פון דער היים אַ גרוס באַקומען.

## אָן עסן

אָן עסן זיינען מיר היינט אויפֿן זאַמל־פּלאַץ געקומען
ס'האָט נעכטן ביים אַפּעל איינער געפֿעלט;
צו פֿינף זיינען מיר אַלע אויף די קני געשטאַנען.

דער בוים אין דער זייט האָט מיט די צווייגן געטייטלט...
פֿון באַראַק האָט אַ פֿענצטער מיט אַ פֿענצטער
אין שווייגן זיך איבערגעפֿרעגט...

די טירן ביים הויף —
האָבן אין סקריפּען תּהילים געזאָגט.
„נאָר דער איינער וואָס פֿעלט, דער איינער וואו איז?" —
האָבן קולות געדונערט.
און ס'זיינען העגט מיט דראָטענע ריטער
איבער אונדזערע פּנימער געלאָפֿן.

„געצענטלט!" — האָט באַפֿעל געברילט:
דער בוים אין דער זייט — נאָך טרויעריקער
מיט די צווייגן געטייטלט...

מיר אַלע אָן אַ ריר מיט די ליפּן
געשטאַנען אין ריי;

פלוצים האָט דער איינער, וואָס פון נעכטן געפעלט —
אַ גרייז-גראָער זקן פון זיין געהיים-אָרט זיך באַוויזן:
„גאָט האָב איך אויף אייביק פאַרלייקנט,
נאָר צוליב אייך, ברידער, איך בויג זיך, און גיי...״

# הונדערט ברידער אין אַ גרוב פֿאַרשיט

אין באַראַק איז קיינער נישטאָ.
און איבערן לאַגער קרייזט־אום אַ קראָ.
אויפֿן זאַמל־פּלאַץ — קליידער־בינטלעך אַנגעוואָרפֿענע
אין שרעק טוליען זיך צוזאַמען.

גופֿים נאַקעטע, ווי טאָרבעלעך איינגעפֿאַלענע
אָנגעהאָנגענע אויף טויט־שטעקעלעך איינגעבראָכענע,
צום גרוב אויסגעגראָבענעם
שורהווייז גייען געטריבן...

אַקעגנאיבער דער ס.ס.־מאַן — ציילט די צאָל...
און ברידער, שווייגנדיק מיט די קעפּ אַראָפּ גייען...
פֿונעם בוים די אַראָפּגעפֿאַלענע בלעטלעך גייען־מיט...

אין דרויסן איז אַלץ אין שניי איינגעקאָוועט,
און ברידער, שווייגנדיק מיט די קעפּ אַראָפּ גייען.
און דער פֿראָסט אויף די פֿענצטער פֿון באַראַק פֿאַרשרייבט:
הונדערט ברידער אין אַ גרוב פֿאַרשיט.

## ראש־השנה תש״ג אין אוישוויץ

אין באַראַק האָט קיינער עסן נישט געקאָנט,
צוואַנציק פון אונדזער גרופּע —
האָבן חברים אויף טראָג־ברעטער געבראַכט...

מיר אַלע — האָבן וויינען נישט געקאָנט,
נאָר פון די ווענט האָבן כסדר זיך טרערן געגאָסן.

צוואַנציק ביי רייניקן קאַנאַלן
האָבן אַ גאַנצן מעת־לעת אָן עסן געאַרבעט;
אַלע אויף די בייכער זיך געראַטשקעט,
די אומריינקייטן — געמוזט מיט די הענט צונויפשאַרן.

אַכט אַזייגער אָוונט —
זיי נאָך אינעווייניק אין די קאַנאַלן.
דער ס.ס.־קאָמענדאַנט באַפעלט:
„אויף זיי פון אַלע זייטן ס׳וואַסער לאָזן!...״

ביינאַכט די קעפּ אין די פּריטשן איינגעגראָבן,
מיט אָפּגעהאַקטע אָטעמס, —
האָבן מיר פון אויסנווייניק פּסוקים פון ראש־השנהדיקע תפילות געשעפּטשעט.

די שאָטנס אויף די ווענט — וואָרט ביי וואָרט נאָכגעזאָגט;
נאָר אין שווייגן האָבן יאָמערלעך געוויינט
די צוואַנציק ליידיקע פּריטשן...

און איך — לזכר פֿאַר דעם —
האָב מיט אַ נאָגל אויף אַ פּריטש אויסגעקריצט:
תש"ג,
ראש השנה אין אוישוויץ.

# מיין מאַמע האָט צו מיר דורכן ווינט גערעדט...

י. י. סיגאַלן

כ׳האָב היינט מיין זופּ נישט געגעסן,
ס׳ברויט אונטערן פּריטש באַהאַלטן;
מיין מאַמע האָט צו מיר דורכן ווינט גערעדט
און ביי דער זייט געפירט דעם טאַטן: —

„שוין אַכט וואָכן, ווי כ׳בין אַוועק.
אינדערהיים — בלויז שרהלע געבליבן;
אַליין האָב איך זי איבערגעלאָזט פאַרריגלט, פאַרשלאָסן.
קום, קינד, קום אינאיינעם צוריק...

כ׳וועל דיך פירן איבער וועגן געהיימע
אַהיים און צו די שוועסטער דיינע;
דיין ברודער מתית ווייסט שוין דעם וועג...
אינדערהיים — שרהלע אַליין פאַרבליבן. מיר — אַזוי ווייט אַוועק.

אינדערהיים — וויינט דער טיש, די שאַפע, דאָס בעט.
פאַרשטייפט הענגט די וואָג;
דער זייגער פאַר צער וויינט אין גאַנג.
און איבעראַלעמען די קאַץ — וואָס קען נישט פרעגן דעם וועג"...

מיין מאַמע האָט צו מיר דורכן ווינט גערעדט.

## כ׳האָב דיך היינט געזען, מאַמע

כ׳האָב דיך היינט געזען, מאַמע.
אין געטאָ גיין, אויפֿן וועג אַהיים.
ס׳פּנים דיינס — אַ חרוב געצעלט.
דיינע הענט — איינגעפֿאַלענע ווענט.

אין דיינע אויגן געווען איז נאַכט.
די פֿינצטערניש — דיין גאַנג געשראָקן;
די גאַסן אַרום געוויינט און געוויינט.
דיין שאָטן, פֿאָרויס, — דעם וועג געוויזן...

געטראָגן האָסטו אונטערן שאַל אַ ברויט
פֿאַר די קינדער, פֿאַרן קראַנקן טאַטן.
דער הונגער — דיינע פּיס אָפּגעשטעלט.
און דו, — פֿון ברויט נישט פֿאַרזוכט קיין ביסן.

אַרום — געוויין פֿון לײדיקע שטיבער. ס׳הויז, טרויעריק שטיל
און דו — איינע אַליין אין גאַס,
דיר אַנטקעגן, ס.ס. מיט שפּיזיקן טראַט.
די שטיינער — געכליפּעט אונטער דיינע פּיס,
פֿונדערווייט, די איינגעפֿאַלענע דעכער, געטענהט צו גאָט...

# אין באַראַק איז טונקל און שטיל

אין באַראַק איז טונקל און שטיל.
פון הינטער די ליידיקע פּריטשן זאָגט וויינענדיק קדיש אַ גריל.
פון יענער זייט לאַגער געוויין פון הינט:
— מ׳גייט!...

שטילקייט גייט פון פּריטש צו פּריטש
און בעט זיך:
שטיל זאָל זיין, שטיל,
מ׳גייט!...

אָפן זיינען די טויערן פון לאַגער.
דער ווינט וויינט אַרום אונדזער באַראַק;
דערנאָך — חברים קומען אַריין, פאַרבלוטיקט, די קעפּ געבויגן.
און מיר — אין געוויין פאַרמאַכן זיך אונדזערע אויגן...

שטילקייט גייט ווידער פון פּריטש צו פּריטש
און בעט זיך:
שטיל זאָל זיין, שטיל,
ס. ס. — ס. ס. גייט!...

פֿאַרוויינט, פֿאַרשעמט גייט טאָג אַוועק;
נאַכט קומט־אָן דורך אַלע וועגן.
קרעמאַטאָריע־רויך פֿון אומעטום —
קומט אונדז אַנטקעגן...

## כ׳האָב אַ בריוו באַקומען

כ׳האָב אַ בריוו באַקומען,
דורך מיין נייגעבראַכטן חבר,
אין אַ פּאַרשימלט שטיקל ברויט איינגעקנאָטן ;
ווען מיר זיינען ביים אַפּעל געשטאַנען —
האָב איך אים באַמערקט אין ריי ;
אין אַ ווינקל האָבן מיר מיט אַ שטיקל בלעך
פאָרזיכטיק ס׳ברויט אויפגעטיילט.

אין די פּאַרשימלטע ווערטער —
האָב איך מיין מאַמעס כתב דערקענט.

ווערטער אָפּגעמעקטע, אָפּגעריבענע,
מיט בלייער צעבראָכענעם געצייכנטע.
מיט אַ פעדער אָן טינט —
ווערטער אומפאַרשטענדלעכע — אָנגעקריצט.
נאָר אין שימל פון כתב האָב איך אַלץ —
אַלץ פון מיין היים אַרויסגעלייענט...

# ג ל ו י ב

מלך ראַוויטש

ס׳האָט אַ מידער
די לעצטע אָטעם־צוגן אויסגעהויכט
דער טאָג.

די לעצטע דעמערונגס־מאָטיוון
אין טאָגעס שוואַרצע איינגעהילט —
באַקלאָגן שטיל זייער הייסגעליבטן פריינט — דאָס ליד.
און דו זעסט, ווי ס׳הינקען אַוועק דיינע איינזאַמע שעהן
טרויעריק און פאַרשעמט,
ווי הונגעריקע אורחים מיט ליידיקע הענט;
און דו — דו קוקסט און שווייגסט.
און דו, —
אויף די אַקסלען פון דיינע איינזאַמע שעהן
פאַרלאָדנסטו דיין גאַנץ פאַרמעג — דיין ליד.
דיין הערלעכסטן מאָנומענט מיט שוואַרצער קרעפּע פון נאַכט —
אין גרעסטער געהיים איינגעהילט...
און דו זעסט, ווי טיף אין דרייען געבויגן
רייסט פון זיך די לעצטע גסיסה־באַנדאַזשן, דיין ליד:
ניין! ניין! ניין!...

טאָ, איז וואָס?
איז וואָס, אַז אײטערדיקע ראַנעס פרעסן דעם קערפּער פון דײַן וואָרט
און זויגן אויס דעם מאַרך פון דײַן ליד? —

טאָ, איז וואָס,
נעם פעסט אין האַנט דעם שליסל פון גלויבן
און
גלויב!

אוישוויץ, 1943.

# אַהיים פון לאַגער

אין אַ זונטיק גאַנץ פרי —
בין איך פון לאַגער אַוועקגעגאַנגען;
מיט זיך — אַ פאַרשריבן ברעטל, אַ העמד,
אַ פּאָר האָלצשיך, אַ שטיקל ברויט
און אַ טאָרבע — אויפן אַקסל אָנגעהאָנגען.

אין באַראַק איז שוין קיינער נישט געווען.
אַלע טויערן, דראָטן, קראַטן, אויפגעבראָכן;
לעבן באַראַק פון אַלע זייטן —
חברים מיט דורכגעלעכערטע קעפּ, הענט, אויגן —
פאַרשטייפטע ליגן — —

אַרום — פאַסנקליידער אָנגעוואָרפענע —
טוליען זיך אין געוויין;
און אין לאַגער — אַזוי מוראדיק שטיל...
פענצטער, טירן, דער בוים אין דער זייט אָפּגעשטאָרבן;
נאָר דער ווינט פון צייט צו צייט —
דערמאָנט די צווייגן אויפן בוים —
קדיש זאָגן — —

אין אַ זונטיק גאַנץ פרי —
בין איך פון לאַגער אַוועקגעגאַנגען;
מיט זיך — אַ פאַרשריבן ברעטל אַ העמד,
אַ פּאָר האָלצשיך, אַ שטיקל ברויט,
און אַ טאָרבע אויפן אַקסל אָנגעהאָנגען.

כ׳האָב לאַנג אין די טויטע פּנימער זיך איינגעקוקט.
דערנאָך — מיט אַ שטיקל קויל אויף אַ ברעטל
זייערע נומערן און נעמען אויפגעשריבן;
געזעגנט זיך מיט יעדן, יעדן באַזונדער
און — אַוועקגעגאַנגען — — —

כאַטש כ׳וויים, כאַטש כ׳וויים,
אַז אַ שאַרבן פון אַ טעפּל אַ צעבראָכנס,
אַ היטל, אַ העמד,
ערגעץ אין קעלער־לאָך פון מיין היים פאַרוואָרפן —
וועט מיין אַהיימקומען באַגריסן — —

און איך — פאַרשאָלטן — גיי —
גיי —
אַהיים פון לאַגער...

# דער וועג אַהיים

פון גאַנץ פרי אָן,
מיט מיין לעצט שטיקל ברויט,
בין איך פון לאַגער געגאַנגען;

איך גיי,
מיט מיר — הברים אין לאַגער פאַרשטייפט איבערגעלאָזענע,
די קראַטן, ס׳שטעכל־דראָט, די פּלויטן,
אַלע, אַלע גייען מיט...

די וועגן — מיט טרויער באַשריבן.
איך גיי און גיי און גאָרנישט ניט איך זע;
פאַר מיינע אויגן אין געשווינדקייט פון אַ טראַנסמיסיע־ראָד
אַלץ דרייט זיך און דרייט. און איך — דריי זיך מיט...

אַ פאַרמאַטערטער לייג איך זיך אויף אַ שטיין אוועק.
דער שטיין — איינגעבראָכן, איינגעפאַלן.
און איך — אויך אַזוי.
אויפן וועג — רעגן און שטורעם־ווינט,
און איך ליג מיטן שאָטן און טרערן צוגעדעקט...

און איך זע, ווי ס׳לעצטע מאָל כ׳גיי פון דער היים אַוועק.
די מאַמע — פון אַ צעריסן ציכל פאַר מיר אַ רוקזאַק נייט.
און שרהלע האַלט אין איין זוכן און זוכן
עפּעס עסן אין די ליידיקע געשירן.

דערנאָך —
די מאַמע אין פינצטערן קעלער
זוכט איר לעצט באַהאַלטן קלייד פאַר ברויט צו פאַרבייטן.
און אַז די פינצטערניש ווייזט איר נישט האָם אָרט
ליגט זי מיטן פּנים צו דער ערד און וויינט...

און אין שטוב —
שרהלע אַ פאַרשלאָסענע —
האַלט אין איין זוכן און זוכן
עפּעס עסן אין די ליידיקע געשירן,

און איך — אינגאַנצן שוין אַ בלינדער
זע נישט,
זע נישט וואו ס׳פירט פון לאַגער
דער וועג אַהיים...

# עפן מיר דיין טויער

שלום שטערנבערג

עפן מיר,
עפן מיר דיין טויער פון אנטפּלעקונג!
צו קענען מיין מתנה די באשיידענע אליין איבערגעבן,
אליין איבערגעבן אין דיינע הענט.

שוין ווידער רויטלען זיך די וועגן
און די לעצטע שאָטנס פון טאָג פאַרגייען אין געוויין.

און ווידער שטיי איך אַן איינזאַמער וואַנדערער
מיט צאַנקנדיקן לאָמפּ אין האַנט
און פרעג:
בין איך שוין דאָס הויז, דאָס טונקעלע, פון נאַכט אריבער?
נאָך ווייט איז דער וועג,
וואָס פירט צום מאָרגן-ליכט-טויער?

אַנטפּלעק פאַר מיר די צעשאָטענע ברעקלעך פרייד,
וואָס ליגן אַזוי טיף פאַרוואָרפן
אויפן גרונט פון דער טונקלקייט.

עפן מיר,
עפן מיר דיין טויער!

# אײן רגע האָסטו געהױזט בײַ מיר

אײן רגע האָסטו געהױזט בײַ מיר.
אײן רגע האָסטו מיך אָנגעקלײדט
מיטן סוד פֿון דײַן אַלײנקײט;
אַ װײַל האָסטו פֿאַר מיר אַנטפּלעקט
דעם װוּנדער פֿון דײַן שאַפֿונג.

איך האָב זיך אין די אָרעמס פֿון געבעט געקלאַמערט:
אָ, גאָט!
העלף מיר אין מײַן װעג, דעם טונקעלן,
נאָך אײנמאָל צו באַרירן די זױמען
פֿון דײַן ליכטיקן געצעלט.
העלף מיר, גאָט!

# איינער אַליין

איציק מאַנגער

זײַ דאָ,
זײַ דאָ מיט מיר,
ביז די נאַכט וועט פֿאַרבײַ.

מיט דײַן האַנט פֿון מילדקייט פֿאַרדעק מײַנע פֿאַלדן פֿון צער,
מײַנע פֿאַלדן פֿון צער, אין אָפּגרונט פֿון נאַכט.

זײַ דאָ,
זײַ דאָ מיט מיר.
צו קענען אַ געלײַטערטער פֿאַלן אין די אָרעמס
פֿון דײַן הייליקן פֿרימאָרגן־געבעט.

די טונקל־גרויע שאָטנס ברענג מיר,
וואָס וויגן מיך מיט טיפֿער בענקשאַפֿט אײַן,
מיט טיפֿער בענקשאַפֿט צו דיר.

פֿאַרוואָס ביסטו אין דער פֿאַרבאָרגנקייט אַוועק,
און די נאַכט האָט פֿאַר מיר פֿאַרריגלט די טיר
און אַ שלאָס אויפֿגעהאָנגען בײַם אײַנגאַנג צו דיר.

שאַר־אַוועק דעם טרויער,
וואָס די נאַכט האָט מיר אַזוי אָנגעהויפֿט.

זײַ דאָ,
זײַ דאָ מיט מיר!
דערלאַנג מיר דײַן האַנט איבערן וועג פֿון נאַכט
צום טויער פֿון דײַן געצעלט.
כ׳בין איינער,
איינער אַליין.

## ס'איז מיין יוגנט אַ פֿולפֿאַרצווייגטער בוים

ס'איז מיין יוגנט אַ פֿולפֿאַרצווייגטער בוים.
דיין ליכט, גאָט, דער טיפֿסטער סוד פֿאַר דער שוועל פֿון אנטפלעקן.

און דו — גלעטסט צאַרט יעדעס בלעטעלע און צווייגעלע.
און דו — שניידסט־אָפּ יעדעס גרויע הערעלע און צויטעלע
ביים אויפֿגיין פֿון איטלעכן צעבליען.
מיין יעדער שפּאָן און שפּאַן — א ווייטערער צעבלי.
און איך — אַ פֿאַרוויגטער — זע נישט, ווי ס'גראָבט זיך טיף איין
מיט זיינע נעגל דער טרויער.

אָבער וואָס נענטער און נענטער
כ'דערגרייך צום אָרט פֿון דיין ליכט,
פֿוסטריט פֿאַרבאָרגענע, פֿאַרהוילענע,
באַטרעטן דעם גאָרטן פֿון מיינע טרוימען,
און לייגן־אוים מיט שנירלעך פֿון שרעק
דעם וועג וואָס פֿירט צו דיר...

# ל י ר י ק

**מ. מ. שאַפּירן**

פולע זאַנגען אין פעלד,
איינגעבויגענע,
שטיל מורמלענדיקע,
בעטן אויף צייטיקן שניט.

אַ תּפילה אַ שטילע,
אין האַרץ פון שטילקייט אַריין.

## ווי לאַנג

לאָז מיך אַ זופּ טון פון דיין פאַרשלאָסענעם ברונעם,
וואָס כ'האָב אין אַ שעה אַזאַ פאַרהוילענער געפונען.
לאָז מיך אַרויפציען אַלץ העכער
די קנויט פון דיין ליכט,
העל צו באַלייכטן מיין וועג.

ברענג מיר דעם טוי פון דיין אָטעם!
און איך וועל דעם סוד אויפדעקן,
דעם סוד פון דיין נישט-פאַרשטאַנען ליד.

כ'וועל אין אַ שאַל פון שווייגן די ברעקלעך פון בענקשאַפט
ציטריק אויסלייגן,
ציטריק אויסלייגן פאַר דיין געצעלט.

זע, די נאַכט האָט אין אַ קיישל אַוועקגעטראָגן
דעם לעצטן חלום פון טאָג;
מיט אויגן אויסגעשטאָכענע,
קניענדיק אים צוגעבונדן אין מיט פון וועג,
און ער שטייט געבויגן אין געוויין.

לאָז מיך אַ זופּ טון פון דיין פאַרשלאָסענעם ברונעם,
וואָס כ'האָב אין אַ שעה אַזאַ פאַרהוילענער געפונען!
לאָז מיך אַרויפציען אַלץ העכער
די קנויט פון דיין ליכט, —
העל צו באַלייכטן מיין וועג,

זע, ווי אַ וואָרעם אונטער דער ערד
כ'דערנער זיך מיטן ריח פון דיין באַהאַלטענער פרוכט,
און דו — דו האַלטסט דיין האַנט אויפן ריגל פון אַנטפּלעקן
און וואַרטסט —

ווי לאַנג? ווי לאַנג? ...

**בוקאַרעשט, 5־טן סעפּטעמבער, 1945.**

# אינהאַלט

## לידער פאַר מיין היים



## אין טאַרנאָווער געטאָ



## אוישוויץ

איך דריק אויס אַ האַרציקן דאַנק די שרייבער: י. י. סיגאַל, ישראל ראַבינאָוויטש, רחל קאָרן, שלום שטערן, מלך ראַוויטש, י. גלעדי־געלבפּאַרב, יעקב זיפּער, ברײנע בערקאָוויטש, מ. מ. שאַפּיר, אסתר און א. ש. שקאָלניקאָוו, די פריינט: י. דאַנילאַק, רחל אייזנבערג, מ. פרייטאַג און מיינע איבערגעגעבענע חברים פון „טאָרנאָווער לאַנדסמאַנשאַפט און אומגעבונג אין קענעדע" פאַר זייער מיטהילף ביים אַרויסגעבן דעם בוך.

אַ באַזונדערן דאַנק פאַרדינט דער דרוקער, פריינד ד. קאַן פאַר זיין ערנסטער באַציאונג צום יידישן בוך.

י. ר.